# באַוועגלעכע כרעסטאָמאַטיע,

צונויפגעשטעלט פון ש. באַסטאָמסקי.




לעוו טאָלסטאָי

# זאַמלהעפט I

ווילנע

פארלאג „נייע יידישע פאָלקסשול“.

1929.

# דריי פראַגן.

אַ קיניג האָט זיך אַמאָל געטראַכט: ווען ער זאָל תּמיד וויסן די ריכ־טיקע צייט, ווען אָנצוהייבן יעדע זאַך, אויך — מיט האָסערע מענטשן מע דאַרף זיך אָפּגעבן און מיט וואָסערע־ניט, און דער עיקר — וואָס איז נויטיקער פאַר אַלץ צו טאָן — אָט די דריי זאַכן, ווען ער זאָל וויסן, וואָלט ער קיינמאָל נישט דורכגעפאַלן.

און דער קיניג האָט געמאָלדן איבער דער גאַנצער מדינה, אַז ער שענקט אַ גרויסע מתּנה דעמיעניקן, וואָס וועט אים אויסלערנען: ווי אַזוי צו וויסן די ריכטיקע צייט פאַר יעדער טוּונג, ווער זיינען די נויטיקסטע מענטשן און ווי קען מען אויף זיכער באַשטימען, וועלכע פון אַלע מעשׂים זיינען די נויטיקסטע.

און ס'האָבן אָנגעהויבן צו קומען צום קיניג געלערנטע מענטשן און געפּרוּווט פאַרענטפערן די פראַגן, יעדערער אויף אַן אַנדער אופן.

אויף דער ערשטער פראַגע האָבן אייניקע געזאָגט: כּדי צו באַשטי־מען די ריכטיקע צייט פאַר יעדער זאַך, דאַרף מען פאָרויס פאַרטיילן די טעג, חדשים און יאָרן און האַלטן זיך שטרענג אָן דעם, וואָס ס'איז באַ־שטימט.

אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז פאָרויס קען מען קיינזאַך ניט באַשטי־מען, מע דאַרף נאָר זיין אויפמערקזאַם צו דעם, וואָס ס'פּאַסירט און טאָן אַלץ, וואָס ס'פאָדערט זיך אין נויטיקן מאָמענט.

די דריטע האָבן געזאָגט, אַז איין מענטש קען בכלל קיינמאָל ניט באַשליסן, ווען און וואָס צו טאָן, מע מוז האָבן אַ ראַט פון חכמים און לויט זייער עצה באַשטימען די צייט פאַר יעדער זאַך.

די פערטע האָבן געזאָגט, אַז ס'פּאַסירן אַמאָל אַזוינע זאַכן, וואָס וועגן זיי איז קיין צייט ניטאָ צו פרעגן קיין עצות, זאַכן, וואָס מע מוז גלייך באַשליסן. כּדי אָבער דאָס גלייך צו וויסן, דאַרף מען פאָרויס וויסן, וואָס ס'וועט שפּעטער פּאַסירן. און דאָס קענען וויסן נאָר זעער. און דעריבער—כּדי צו וויסן די ריכטיקע צייט פאַר יעדער האַנדלונג, מוז מען פרעגן וועגן דעם ביי די זעער.

און אַזוי פאַרשיידן האָט מען פאַרענטפערט אויך די צווייטע פראַגע.

אייניקע האָבן געזאָגט, אַז די נויטיקסטע מענטשן פאַרן קיניג זיינען זיינע געהילפן, די פירער פון לאַנד; אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז די נויטיק־סטע מענטשן פאַרן קיניג זיינען די פּריסטער, די דריטע—אַז נויטיקער זיינען דעם קיניג די דאָקטוירים; די פערטע — אַז נויטיקער זיינען די קריגער.

אויף דער דריטער פראגע: וואָס איז דאָס וויכטיקסטע? — האָבן אייניקע געזאָגט, אַז דאָס וויכטיקסטע אויף דער וועלט זיינען די וויסנשאַפטן; אנדערע האָבן געזאָגט, אַז דאָס וויכטיקסטע איז די קונסט פון קריגפירונג; די דריטע האָבן געזאָגט, אַז וויכטיקער פאַר אַלץ איז גאָטספאָרכטיקייט.

די ענטפערס זיינען געווען פאַרשיידן. דער קיניג האָט ניט איינגעשטימט מיט קיינעם פון זיי און האָט קיינעם קיין מתּנה ניט געגעבן.

און כדי צו באַקומען אַ ריכטיקן באַשייד אויף זיינע פראַגן, האָט דער קיניג באַשלאָסן צו פרעגן וועגן דעם ביי אַ פּרוש, וואָס האָט געשמט פאַר אַ גרויסן חכם.

דער פּרוש האָט געוווינט אין אַ וואַלד, אָפּגעשיידט פון דער וועלט, פלעגט אין ערגעץ ניט גיין און אויפנעמען נאָר פּשוטע מענטשן.

דער קיניג האָט זיך איבערגעטאָן אין פּשוטע קליידער און, ניט דערפאָרנדיק מיט זיינע נושאי כּלים צום פרושס שטיבל, איז ער אַראָפּ פון פערד און אַליין אַוועק צו אים צופוס.

אַז דער קיניג איז צוגעגאַנגען צום פּרוש, האָט יענער געגראָבן בייטן לעבן זיין הייזל.

דערזעענדיק דעם קיניג, האָט ער אים באַגריסט און ווידער גענומען זיך צום גראָבן.

דער פּרוש איז געווען דאַר און שוואַך און האָט ביי דער אַרבעט שווער געאָטעמט. דער קיניג איז צו אים צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— איך קום צו דיר, קלוגער פּרוש, דו זאָלסט מיר געבן אַ באַשייד אויף די דריי פראַגן: וועלכע איז די בעסטע צייט, וואָס מ'זאָל זי גוט געדענקען און ניט דורכלאָזן, כּדי מע זאָל שפּעטער קיין חרטה ניט האָבן; וועלכע מענטשן זיינען די נויטיקסטע, מיט וועלכע באַדאַרף מען זיך מער אָפּגעבן און מיט וועלכע — ווייניקער, און וועלכע מעשׂים זיינען די וויכטיקסטע, וואָס דאַרף מען, הייסט עס, טאָן פריער פאַר אַלץ.

דער פּרוש האָט אויסגעהערט דעם קיניג. נאָר געענטפערט האָט ער גאָרנישט. ער האָט נאָר אָנגעשפּיגן אויף דער האַנט און ווידער גענומען גראָבן די ערד.

— דו האָסט זיך איינגעמידט — מאַכט צו אים דער קיניג — גיב מיר די רידל, איך וועל פאַר דיר אַביסל אַרבעטן.

— אַ דאַנק — זאָגט צו אים דער פּרוש און גיט אים איבער די רידל און זעצט זיך צו אויף דער ערד אָפּרוען.

אָפּגעגראָבן צוויי בייטן, האָט זיך דער קיניג אָפּגעהאַלטן און ווידער איבערגעחזרט זיינע פראַגן. דער פּרוש האָט אים דערויף אַלץ ניט געענטפערט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און אויסגעצויגן די האַנט צום רידל:

— איצט — האָט ער געזאָגט — רו זיך דו אָפּ, גיב מיר...

נאָר דער קיניג האָט אים די רידל ניט געגעבן און ווידער געגראָבן.

ס'איז אַריבער אַ שעה און צוויי. די זון האָט גענומען פאַרגיין הינטער די ביימער. דער קיניג האָט אַריינגעשטעקט די רידל אין דרערד און געזאָגט:

— איך בין צו דיר, קלוגער מאַן, געקומען נאָך אַן ענטפער אויף מיינע פראַגן. אויב דו קענסט מיר ניט ענטפערן — זאָג, וועל איך גיין אַהיים.

— זע נאָר, עמיצער לויפט אַהער — האָט אָנגעוויזן דער פרוש — לאָמיר זען, ווער דאָס איז.

דער קיניג האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען, אַז פון וואַלד איז ווירקלעך געלאָפן עפּעס אַ בערדיקער מענטש. דער מענטש האָט זיך געהאַלטן מיט די הענט פאַרן בויך און פון אונטער זיינע הענט האָט גערונען בלוט. צוגעלאָפן צום קיניג, איז דער מענטש אַנידערגעפאַלן אויף דרערד, האָט פאַרגלאָצט די אויגן, איז געבליבן אומבאַוועגלעך און נאָר שטיל געקרעכצט.

דער קיניג מיטן פרוש האָבן פונאַנדערגעשפּיליעט זיינע בגדים און דערזען ביי אים אויפן לייב אַ גרויסע וווּנד. דער קיניג האָט ווי-עס-איז אַרומגעוואַשן די וווּנד און פאַרבונדן זי מיט זיין טיכל און מיטן פרוש'ס האַנטעך. דאָס בלוט האָט זיך אָבער ניט פאַרהאַלטן און דער קיניג האָט עטלעכע מאָל אַראָפּגענומען די מיט וואַרעמען בלוט דורכגעווייקטע בינטן, אויסגעוואַשן זיי און ווידער איבערגעבונדן די וווּנד. ווען דאָס בלוט האָט זיך איינגעשטילט, איז דער פאַרוווּנדעטער געקומען צו זיך און געבעטן אַ טרונק. דער קיניג האָט געבראַכט פריש וואַסער און אָנגעטרונקען דעם חולה. דערווייל איז פאַרגאַנגען די זון און ס'איז געוואָרן קיל. דער קיניג מיטן פרוש האָבן אַריינגעטראָגן דעם פאַרוווּנדעטן אין הייזל און איינגעלייגט אים אין בעט. דער פאַרוווּנדעטער האָט פאַרמאַכט די אויגן און איז איינגעשלאָפן.

דער קיניג איז מיד געווען פון וועג און פון דער אַרבעט. ער איז געפאַלן אויפן שוועל און איז אויך אַנטשלאָפן געוואָרן, אַזוי שטאַרק, אַז ער איז אָפּגעשלאָפן אַזוי די גאַנצע נאַכט. אויפגעכאַפּט זיך אינדערפרי, האָט ער לאַנג ניט געקאָנט פאַרשטיין, וווּ ער געפינט זיך און ווער דאָס איז דער מאָדנער בערדיקער מענטש, וואָס ליגט אויפן בעט און גלאָצט אויף אים מיט בלישטשענדיקע אויגן.

— זיי מיר מוחל! — האָט געזאָגט צו אים דער אומבאַקאַנטער מיט אַ שוואַכן קול, ווען ער האָט דערזען, אַז דער קיניג האָט זיך אויפגעכאַפּט און קוקט אויף אים.

— איך ווייס ניט, ווער דו ביסט און איך האָב ניט, וואָס דיר מוחל צו זיין — האָט געענטפערט דער קיניג.

— דו קענסט מיך נישט, אָבער איך קען דיך יאָ — האָט געזאָגט דער קראַנקער — איך בין דאָס דיין שונא, וואָס האָט זיך פאַרשוואָרן נקמה צו נעמען פון דיר דערפאַר, וואָס דו האָסט געטויט מיין ברודער און צוגענו־מען ביי מיר מיין פאַרמעגן. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דו ביסט איינער אַליין אַוועק צום פרוש און האָב באַשלאָסן דיך צו הרגענען, ווען דו וועסט צוריק גיין. ס'איז אָבער אַריבער אַ גאַנצער טאָג און דו ביסט אַלץ ניט געקומען. בין איך אַרויס פון מיין באַהעלטעניש, געוואָר ווערן, ווו דו ביסט, און האָב אָנגעטראָפן דיינע דינער. זיי האָבן מיך דערקענט און פאַרוווּנ־דעט. איך בין אַנטלאָפן פון זיי, אָפּגייענדיק מיט בלוט, וואָלט איך זיכער געשטאָרבן, ווען דו בינדסט מיר ניט איבער מיין וווּנד. איך האָב דיך געוואָלט הרגענען און דו האָסט מיר געראַטעוועט מיין לעבן; איצט, אַז איך וועל לעבן בלייבן און דו וועסט נאָר וועלן, וועל איך דיר דינען ווי דער געטרייסטער קנעכט און באַפעלן מיינע זין צו טאָן דאָס זעלבע. זיי מיר מוחל!

דער קיניג איז געווען זייער צופרידן, וואָס אים האָט זיך אַזוי לייכט איינגעגעבן איבערצובעטן זיך מיטן שונא. ער האָט אים ניט נאָר מוחל געווען, נייערט נאָך צוגעזאָגט אומצוקערן אים זיין פאַרמעגן און צוצושיקן אים זיינע קנעכט און זיין דאָקטאָר.

אָפּגעזעגנט זיך מיטן פאַרוווּנדעטן, איז דער קיניג אַרויס אויפן גאַניק, געזוכט מיט די אויגן דעם פרוש. פאַרן אַוועקגיין האָט ער צום לעצטן מאָל געוואָלט בעטן ביי אים אַן ענטפער אויף די פאַרגעבענע פראַגן. דער פרוש איז געווען אויפן הויף. ער איז אַרומגעקראָכן אויף די קני לעבן די צע־גראָבענע בייטן און פאַרזעצט אין זיי קערנער.

דער קיניג איז צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט:

— צום לעצטן מאָל, קלוגער מאַן, בעט איך דיך ענטפערן מיר אויף די פראַגן.

— מע האָט דאָך דיר שוין געענטפערט — האָט געזאָגט דער פרוש, צוזעצנדיק זיך אויף די דאַרע פיס און קוקנדיק פון אונטן אַרויף אויפן קיניג.

— וואָס הייסט? — האָט פאַרוווּנדערט געפרעגט דער קיניג.

— פאַרשטייסטו מיך — האָט געזאָגט דער פרוש — ווען דו וואָלסט נעכטן קיין רחמנות ניט געהאַט אויף מיין שוואַכקייט און ניט צעגראָבן פאַר מיר די בייטן און וואָלסט אַליין אַוועק צוריק, וואָלט אָט דער חברה־מאַן אָנגעפאַלן אויף דיר און דו וואָלסט געוויס חרטה האָבן, וואָס

דו ביסט מיט מיר ניט געבליען. דערפון איז געדרונגען, אז די ריכטיקסטע צייט איז געווען דאן, ווען דו האסט מיר געהאלפן גראבן די בייטן, און דער בויטיקסטער מענטש בין איך געווען, און די ריכטיקסטע זאך איז געווען — מיר א טובה טאן. און נאכדעם, אז יענער איז געקומען צו לויפן, איז די ריכטיקסטע צייט געווען, ווען דו האסט אים אויפגעפאסט, ווייל וואלסטו אים ניט איבערגעבונדן די ווונד, וואלט ער געשטארבן ניט איבערבעטנדיק דיך. אלזא איז קלאר, אז דער וויכטיקסטער מענטש איז ער געווען, און די וויכטיקסטע זאך איז געווען דאס, וואס דו האסט פאר אים געטאן. און דעריבער זאלסטו געדענקען, אז די בעסטע צייט איז באלד, ווייל נאר דאן זיינען מיר אין אונדזער רשות. און דער וויכטיקסטער מענטש איז דער, וועמען דו האסט ערשט געטראפן. און די וויכטיקסטע זאך איז — דעם אנדערן צו טאן גוטס, ווייל נאר צוליב דעם איז דער מענטש ארויסגעשיקט געווארן אויף דער וועלט.

און דער קיניג האט זיך געזעגנט מיטן פרוש און איז אוועק אהיים.





לעוו טאָלסטאָי דערציילט אַ מעשהלע זיינע איייניקלעך.

# שיינקייט, גוטס און גליק.

נאָך דעם פייכטן שניי איז שוין דריי טעג געווען אַ שטילער, וואַרעמער און קלאָרער וועטער. דרויסן זעט מען שוין נישט קיין ברעקל שניי. דאָס בלאָטיקע טייג פון די גאַסן איז פאַרביטן געוואָרן מיט שיינענדיקע, שטראָמיקע טייכלעך. פון די דעכער האָבן שוין אַראָפּגעטריפט די לעצטע טראָפּנס, אויף די ביימלעך אין די גערטלעך האָבן זיך אָנגעבלאָזן די קנאָספּן, פון צווישן די שטיינער שפּראָצט שוין אַרויס גרין גרעזל.

עס איז די צייט פון פרילינג, וואָס ווירקט צום שטאַרקסטן אויף דער נשמה. עס איז אַ לויטערע, לייכטנדיקע נאָר נישט ברענענדיקע זון.

טייכלעך און וואַסערלעך, אַ שמעקעדיקע פרישקייט אין דער לופטן, אַ צאַרט-בלויער הימל מיט לענגלעכע, דורכזיכטיקע וואָלקנדלעך — אַלץ שיינט העל. דער צימער איז פריילעכער געוואָרן.

אַ לייכט פרילינג-ווינטל וויגט די האָר פון מיין קאָפּ.

ס'אַר אַ ניי, שטאַרק און אָנגענעם געפיל נעמט מיך אַדורך!

די פייכטע ערד, פון וועלכער דאָ און דאָרטן שלאָגן זיך אַרויס גרינע גרעזלעך אויף געלבלעכע שטענגלעך, די טייכלעך, וואָס גלאַנצן אונטער דער זון; די פאַררויטלטע בעז-שטענגלעך מיט די אָנגעבלאָזענע קנאָספּן, וואָס וויגן זיך ביים פענסטער; דאָס צוויטשערן פון די פויגל, וואָס שטייען דאָ קעגניבער אויפן קוסט; דער פייכטער, טונקעלער פאַרקאָן און דער עיקר — אָט די שמעקנדיקע פייכטע לופט און די צעפרייטע זון — דאָס אַלץ רעדט צו מיר קלאָר-וועגן עפּעס נייעס און שיינעס, וואָס איך קען עס אַפילו נישט אָנרופן מיט אַ נאָמען.

דאָס אַלץ רעדט צו מיר וועגן שיינקייט, וועגן גוטס און וועגן גליק. דאָס אַלץ רעדט צו מיר, אַז איך קען טאָן עפּעס שיינס און עפּעס ווילס. עס קען גאָר נישט זיין איינס אָן דעם צווייטן. גוטס טאָן, גליק און שיינקייט — דאָס איז איין זאַך.

מע דאַרף תּיכּף ווערן אַן אַנדער מענטש, שוין, די מינוט דאַרף מען עס ווערן און עפּעס אָנהייבן אַנדערש צו לעבן!

איך זיץ לאַנג אויפן פענסטער, קוק אַרויס. איך טרוים.

איז אייך אַמאָל אויסגעקומען זומער-צייט, אין אַ רעגנדיקן וועטער, זיך לייגן שלאָפן בייטאָג און זיך אויפכאַפּן צו זון-אונטערגאַנג, אויפעפענען די אויגן און דערזען דורכן פענסטער, דורך די אַראָפּגעלאָזענע פאָרהאַנגען די שטעגן אין פייכטן בוים-גאָרטן, באַלויכטן מיט די שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון? — הערן דאָס פריילעכע לעבן פון די

פויגל אין גאָרטן און די פליגעלעך, וואָס דרייען זיך ביים אָפענעם פענסטער, באַשיינט מיט זון; דערפילן דעם ריח פון דעם נאָך־רעגנדיקן וועטער און טראַכטן: „ווי נישט שיין עס איז, וואָס איך בין אַזוי לאַנג געשלאָפן" — אוי דו שפּרינגסט אויפגיך אויף, צו גיין אין גאָרטן אַריין, כדי זיך צו פרייען מיטן לעבן.

אויב אייך איז דאָס אַמאָל אויסגעקומען צו פילן, וועט איר איצט פאַרשטיין, וואָס איך האָב געפילט אין דער פרילינגדיקער צייט.



# סצענעס

---

## קינדער וועגן אַרבעט.

קאטיא: פאפא, אונדזערע שליטעלעך האָבן זיך צעבראָכן, קענסט ניט פאררינכטן?

פאָטער: כ׳קען ניט, מיין טייערע, איך קען ניט. פראָכאָרן דארף מען געבן. ער וועט אייך עס פאררינכטן.

קאטיא: מיר זיינען געוועזן אינם הויף. פראָכאָר זאָגט, אז ער האָט קיין צייט ניט, ער שניידט אויס טויערן.

פאָטער: וועט איר מוזן, קינדער, אַביסל ווארטן.

פעדיא: און דו, פאפא, קענסט אינגאנצן ניט?

פאָטער: (שמייכלט) ניין, מיין טייערער.

פעדיא: גאָרנישט, פאפא, קענסטו נישט?

פאָטער: ניין, עפעס קען איך, אָבער דאָס, וואָס פראָכאָר קען טאָן, קען איך ניט.

פעדיא: קענסטו אַן אויוון הייצן ווי וואסיל?

פאָטער: ניין.

פעדיא: און פערד איינשפאנען?

פאָטער: אויך נישט.

פעדיא: און איך טראכט מיר אָפט: פארוואָס קענען מיר גאָרניט און זיי טוען אַלץ פון אונדזערטוועגן. איז דאָס גוט?

פאָטער: יעדן איז באַשערט זיינס. דו לערן זיך גוט, וועסטו דערגיין, וואָס ווער ס׳דארף טאָן.

פעדיא. און מיר אליין דארפן ניט קענען הייצן אַן אויוון, קאָכן, שפאַנען פערד?

פאָטער: עס זיינען פאראַן וויכטיקערע זאכן.

פעדיא: אַ, איך ווייס: זיין אַ גוטער, נישט באַריידן, נישט זידלען זיך. אָבער מע קען דאָך אי אַן אויוון הייצן, אי פערד שפאנען, אי אַ גוטער זיין? איאָ, מע קען?

## קינדער וועגן רייכקייט.

אויסן באַלקאָן זיצן און טרינקען טיי דער באַלעבאָס, די באַלעבאָסטע און דער זעקסיאָריקער חאַסיאַ. עס גייט צו אַ יונגער בעטלער.

באַלעבאָס (צום בעטלער) וואָס ווילסטו?

בעטלער: (נריסט) האָט רחמנות אויף אַן אָרעמען מענטשן, וואָס גייט אַרום אָן אַרבעט, אַ נאַקעטער, אַ באָרוועסער. געוועזן אין מאָסקווע, איצט שלעפ איך זיך אַהיים. העלפט אַן אָרעמען מענטשן!

באלעבאס: און פארוואס ביסטו ארעם?

בעטלער: פאר נויט, פאר צרות, פארשטייט זיך.

באלעבאס: ווען דו זאלסט זיך ניט פוילן צו ארבעטן, וואלסטו ניט געווען ארעם.

בעטלער: איך בין ניט פויל, אבער איך קען ניט געפינען קיין ארבעט.

באלעבאס: פארוואס האבן אנדערע ארבעט און דו — ניט?

בעטלער: גלויבט מיר, מיטן גאנצן הארצן וואלט איך געגאנגען ארבעטן, אבער זיי נעמען מיך ניט. האט רחמנות אויף א מענטשן, כ׳גיי שוין דעם צווייטן טאג א ניט־געגעסענער!

באלעבאס (קוקט אין בײטל, צו דער פרוי אויף פראנצויזיש) האסטו קליינגעלט? איך האב נאר אסיגנאציעס.

באלעבאסטע: (צו וואסיען) גיי, זון מיינער, דארט אויפן טישל ליגט מיין בייטעלע — ברענג עס אהער.

וואסיע: (הערט ניט, וואס די מוטער זאגט אים. קוקט אויפן בעטלער, ניט אראפלאזנדיק קיין אויג).

באלעבאסטע: וואסיא, הערסט ניט? (שלעפט אים פאר׳ן ארבל) וואסיא?

וואסיא: וואס, מאמא? (די מאמע זאגט אים נאכאמאל, ער זאל ברענגען דאס בײטעלע).

וואסיא (שפרינגט אויף) באלד! (קוקט זיך אום אויפן בעטלער, גייט אוועק)

באלעבאס: (צום בעטלער) ווארט אביסל (דער בעטלער גייט אן א זייט) (צו דער פרוי אויף פראנצויזיש) עס איז שרעקלעך, וויפיל בעטלער עס גייען ארום. צאל פון פוילקייט נעמט זיך דאס.

באלעבאסטע: אבער ס׳איז דאך שרעקלעך, אויב ער איז הונגעריק.

באלעבאס: איבערטריבן.

באלעבאסטע: מע זאגט, אז אין ענגלאנד איז אויך אזוי. ווילסט טיי?

באלעבאס: גיס אן אביסל שוואכערן (פארטרינקט. אלע שווייגן. וואסיא קומט צולויפן מיטן בײטל, זוכט מיט די אויגן דעם בעטלער און שטעלט אויף אים אייס א פאר אויגן).

באלעבאס: (נעמט צען קאפיקעס פון בײטעלע) נעם דו, ווי הייסטו?

בעטלער: (נעמט אראפ דאס היטל, דאנקט און נעמט די נדבה) א דאנק, א שיינעם דאנק אייך, וואס איר האט רחמנות געהאט אויף אן ארעמען מענטשן.

באלעבאס: רחמנות וואס רחמנות! דער עיקר ארט מיך, וואס איר גייט ארום ליידיק. ווען איר ארבעט, וואלט איר ניט געווען ארעם. דער, וואס ארבעט, וועט קיינמאל ניט זיין ארעם.

בעטלער: (טוט אן דאס היטל, דרייט זיך אויס און זאגט) ניט אומזיסט זאגט די וועלט, אז פון ערלעכער ארבעט האט מען גארנישט, אויסער א הויקער.

וואסיא — וואס הייסט דאס?

באלעבאס: ס׳איז אזא נאריש פויעריש שפריכווארט, אז פון ארבעט קען מען נאר צעהויקערט און ניט א גביר ווערן.

וואסיא: איז דאס ניט ריכטיק?

באלעבאס: פארשטייט זיך, ניט ריכטיק. יענע, וואס גייען ארום ניט וועלנדיק ארבעטן, זיינען שטענדיק ארעם; רייך זיינען נאר יענע, וואס ארבעטן.

וואסיע: פארוואס ארבעטן מיר ניט, און זיינען רייך?

באלעבאסטע: ווי אזוי וויסטו, אז דער פאפא ארבעט ניט?

וואסיאַ: איך ווייס ניט. אָבער מיר זייַנען דאָך זייער רייך. מוז דאָך פּאַפּאַ שרעקלעך פיל אַרבעטן. אַרבעט ער דען אַזוי פיל?

באַלעבאָס: אַן אַרבעט צו אַן אַרבעט איז ניט גלייך. מעגלעך, אַז מיין אַרבעט איז אַזאַ, אַז ניט יעדערער קען זי טאָן.

וואסיאַ: וואָס איז דיין אַרבעט?

באַלעבאָס: מיין אַרבעט איז אייך אַלעמען צו קליידן, דערנערן, פירן אויף אַ וועג.

וואסיאַ: ער דאַרף דאָך אויך דאָסזעלבע טאָן, טאָ פאַרוואָס איז ער אַזוי אָפּ־געריסן און מיר...

באַלעבאָס (לאַכט) ווי געפעלט דיר דער סאָציאַליסט אונדזערער!

# קינדער וועגן שטייערן.

דער עלטסכער פון דאָרף און גרושקאַ — אַ זיבניעריק מיידל.

עלטסטער: (גייט אַריין אין אַן אָרעם פויערי־הייזל, קוקט זיך אום) קיינער ניטאָ אין דער היים?

גרושקאַ: די מאַמע איז אַוועק נאָך דער קו און פעדקאַ איז אויפן פריצישן הויף.

עלטסטער: נו, זאָג אַקאָרשט דער מאַמען, אַז דער עלטסטער, פאַרשטייסטו, איז געווען. זאָג איר, אַז זי זאָל ניט שפּעטער פון זונטאָג די שטייערן איינצאָלן, אָדער איך וועל די קו צונעמען.

גרושקאַ: די קו צונעמען? דו ביסט דען אַ גנב? און מיר וועלן ניט לאָזן.

עלטסטער: (שמייכלט) אַ פלינק מיידל. ווי רופט מען דיך?

גרושקאַ: גרושקאַ.

עלטסטער: אַ פיינע מויד, גרושקאַ! הער זשע: אַזוי זאָג דער מאַמען, אַז אַ גנב בין איך טאַקע ניט, אָבער די קו וועל איך צונעמען.

גרושקאַ: צו וואָס זאָלסטו צונעמען די קי, אַז דו ביסט ניט קיין גנב?

עלטסטער: אָט אַזוי: אַ מענטש דאַרף צאָלן שטייערן.

גרושקאַ: וואָס איז דאָס אַזוינס שטייערן?

עלטסטער: פון אונדזער טובה וועגן.

גרושקאַ: וואָס איז דאָס פאַר אַ טובה, אַז דו ווילסט גאָר צונעמען די קי? דאָס איז נישט קיין טובה.

עלטסטער: וועסט אויסוואַקסן, וועסטו פאַרשטיין. גיב איבער אַלץ. הערסט?



## אינהאַלט:





# לערנביכער
# אויף יידיש.

אין אַלע יידישע שולן זײַנען אָנגענומען פאָלגנדע לערנביכער אויף יידיש:

## א) „לעבעדיקע קלאַנגען"

### פון ש. באַסטאָמסקי און מ. חיימסאָן.

1) אילוסטרירטער אלף בית (נײַע אויפלאַגע)
2) כרעסטאָמאַטיע פאַרן 1-טן לערניאָר
3) כרעסטאָמאַטיע פאַרן 2-טן לערניאָר
4) כרעסטאָמאַטיע פאַרן 3-טן לערניאָר

נײַע אויסגעבעסערטע און פארגרעסערטע אויפ-לאַגעס, צוגעפּאַסט לויטן מוסטער פון די בעסטע אייראָפּעיִשע כרעסטאָמאַטיעס. פונ דאָס נײַ איבערגעזעצט מיט גרעסערן שריפט

## ב) דאָס לעבעדיקע וואָרט

### פון ש. באַסטאָמסקי און ז. רייזען

פאַרן 4-טן און 5-טן ל. י.

(נײַע 8-טע אויפלאַגע)

## ג) דאָס נײַע וואָרט

### פון ש. באַסטאָמסקי און מ. חיימסאָן.

1-טער טייל — עפּאָס; 2-טער טייל — ליריק 3-טער טייל — דראַמע. דער דריטער טייל אנט-האַלט גרעסערע אויסצוגן פון די באַרימטע ווערק „געשמידטער פּראָמעטעאוס", „קיניג אוידיפּוס", „אַנטיגאָנע", „איפיגעניע אין טאַוריס", „יוליוס צעזאַר", „האַמלעט", „עתליה", און „דער קאַרגער"

---

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן:

Wilno, Stefańska 24 m. 28.